

# גרויסער

ישראל
ראבינאוויטש.



ל. זאדאי.

פארלאג וויסנשאפט.
קאסטי־נאסלאח.
1920.

אַ קראַנץ אויף דעם פריצייטיגן
קבר פון מיין ליבטיגן בן יחיד
## אלכסנדר
צו זיין ערשטן יארצייט
4-טן פעווראל — 1920—1921

ומי יתן כל עם ה׳ נביאים

במדבר י״א

מיין נשמה איז אַ פראַגמענט.

בייראָן.

א.

מיר האָבן אונזער „איך" ניט געוואָרפן, מיר וועלן אונזערע צייכן ניט אָפּמעקן, דעם פלאם פון זיין נשמה וועט קיינער ניט לעשן, קיין איינציגן פונק דאָרט ניט אויסבלאָזן.

פארלאָזט אין די איינגע הייזלעך צווישן אויוון און בעט דעם אוראלטן שימל, געשליי-דערט אין אַ זייט די גרויקייט פון די פינסטערע נשמה-ווינקלען, פון די געפילן-אונטערגעסלאך — וועט יעדער זיין פלאקער אין מעכטיגן „מיר"-ים ארייננגיסן.

ב

פון העלע פרימאָרגנס וועלן מיר אונזער ליכ-
טיגן טאָג שאפן, פון זינגענדע קלאנגען וועלן מיר אונ-
זער שפראך וועבן, אין דעם קראנץ פון יאָרן
וועלן מיר גליהענדע בלומען פלעכטן.

נייע הימלען, נייע וועלטן, נייע זונען וועלן מיר
אונזער יונגע ליבע שיינקען, צו זיי וועלן מיר אונ-
זער מעכטיגע ליד טראָגן, אויף די ווייטע וועגן
צו זיי וועלן די ווינטן אונזערע טריט קיינמאָל ניט
פאַרווייען.

ג.

און גאָטס וועלט איז נאָך ניט באשאפן, און דער וועלט-געצעלט איז גאָך ניט דערבויט, נאָר פעלזן שטיינער, נאָר וועלדער ריזן זיינען אונז געגעבן, און אין די הענט ימים מאכט געגאָסן.

קומט זע יונגע, קומט זע העלע, דער וועג פון מיה איז פאר אונז געשפרייט, צו זיין ערד געטריי דעם אויער טוליעט און הערט דעם גרויסן סוד פון שאפן — דערנאָך שטייט אויף און גייט בויען דאָס לעבן-פרייד.

ד.

און הױאליעס יאָרהונדערטן איז דער „איינצי-
גער" בײ פֿאַרשלאָסענע טױערן פֿון אױביגקײט גע-
שטאַנען, און תהומות צײטן האָט ער מאכטלאָז בײ
אַרײַנטראָט אין װעלט-טעמפּל געהאַרט, בײ די פֿאַר-
באָטענע שװעלן זײַן גרױסע האָפֿנונג אויף טיפֿן
בײַנקען װידער און װידער פֿאַרביטן.

נאָר פֿאַר דעם אַלמעכטיגן װילן פֿון דעם
גרױסן „מיר" װעט זיך עפֿענען אַלע טױערן, די אױ-
ביגע טורמעס װעלן זיך אין שטױב צושיטן, מ'װעט
געפֿינען די װעגן צו די װײַטע שטערן — די ליכ-
טיגע װעגן.

ה.

פרץ מארקיש׳ן

מיר גייען, מיר קומען, מיר טרעטן אלץ נעהענ־טער, קום אַרויס אין פרימאָרגן־שטילקייט צו די פעל־דער גרויע פון טוי, לייג דיין אויער צו דער שוויי־גענד׳ער ערד און פארנעם דעם ריטם פון אונ־זערע טריט.

מיר גייען, מיר קומען מחנות פון דיכטער בעגייסטערטע, אין א נאך־ניט באוואוסטן לבנון האָבן מיר הארפן גענומען, א נייער, „אז ישיר" איז אין אונזערע הערצער פארבאָרגן, א נאך ניט געזונגענער „הלל" בליט אויף אונזערע ליפן.

ו.

מיר זינגען.

מיר זינגען אויגן וואָס קוקן אין די ווייטן פון צוקונפט, מיר זינגען אַקסלען וואָס טראָגן די משא פון דורות און צייטן, מיר זינגען ליפּן וואָס קאָנען ניט בעטן, מיר זינגען שטימען וואָס ווייסן נאָר הייסן.

מיר זינגען.

און ווי דאָס ברומען פון ים אין דער שעה פון שטורם שאלט אונזער ליד, גלייך דעם וועלט-גלאָק קלינגט דער מעש פון אונזערע העלזער, גלייך דעם קול פון אויביגקייט טראָגט זיך אונזער געזאנג.

מיר זינגען.

ז.

דו אוראלטער אַברם, וועמעס נשמה האָט צו
דער גרויסער איינהייט זיך געצויגן, ווען דיין לייב
האָט געמוזט די רויב פון פייער ווערן; דו זון פון
עלאַדע, ווער האָט געטליך שטאָלץ דעם מיט סם גע-
פילטן כוס צו די ליפּן געטראגן; דו נזיר פון גליל
וועמעס האַרץ איז אַ נעסט געווען פאַר דעם וויי פון
אַלע דורות; איר אויביג - זוכענדע קאלאמבן, וואס
האבן דאָס לעבן פאַרלאָרן נייע פרייע לענדער צו
געפינען און אין קבר מיט קייטן זיך געלייגט; איר
גאַליליייען, וואָס האָבן נייע העלע שטערן אין הימל
אַנטפּלעקט און אַליין אין טיפן פינסטער פערזונקען;
איר קעמפער פון אַלע צייטן, מאַקאָבייער און ספּאַר-
טאַקעס, איר נביאים און דיינקער פון אַלע פעלקער,
איר לעאָנאַרדע, אנדזעלע און סאנציע — קינדער
פון גאָלדענער זון און גרין-בלויען ים — איר זייט
בלויז שטערן בלאנזענדע אויף דעם וועג צו אונז.
אויף דעם וועג צו אינז.

ח.

און עס טראגן זיך בײנקענדע געזאַנגען פון יענער זײט טײכן, און אין װײטע טאָלן בלאָנדזען אײנזאַמע װאנדערער, און עס טוקן זיך פײערלאַך אין די שטילקײט פון אונטן, און בעטהאָװען פאר־שפרײט איבער װעלטן זײן גײסט, טראָגט זיך איבער ערדן און שטערן אײדער שאַפן ער נעמט די נײנטע סימפאָניע, לעאנארדא טראָגט זײן נשמה פאַר אַ קרבן יענעם שמײכל װאָס בליט אויף די ליפן פון „מאנא ליזע" און בײראן גיסט אויס דעם גרויסן אײנזאַם פון זײן האַרץ אין „קין" און „אַלפרעד" — פון די אײנגע, שטיקענדע „איך" - גרעניצן דאָס רײסן זיך נשמות שאַפענדע צו אונזערע ברעגלאָזע ימים. צו אונזערע גאָלדענע אן-סופן.

ט.

איר האָט געהערט..

די וועגן פון לעבן ליגן דורך ימים פון צער, איר האָט געהערט אויביג מוז איוב אויף דעם אש פון זיין גליק דעם ליכטיגן טאָג אַלץ שילטן, ביז דעם כוף פון די וועלטן וועט דער וועלט־ירמיהו אויף די רואינעס פון ירושלים׳ס אַלץ קלאָגן.—

און אונזער וואָרט איז:

גייט מיט די וועגן פון מיה און שאַפן, איר וועט קומען צו די קוואַלן פון ברעגלאָזן פרייד.

י.

פרץ מארקיש.

מיט וועגן פון פיס מיליאָנען געטראָטענע, מיט וועגן יעדער פיאטע באקאנטע, אין צייטן די זעלבע, האָט גיין געמוזט דער „איינציגער“ אין זיין גרויסער באזונדערהייט און טיפן עלנד און אַ גרויזאמער „עד כאן“ האָט אים באגלייט אין זיין וואנדער.

נאָר דער גרויסער „מיר“ וועט איבערטרעטן אלע גרעניצן, ער וועט פעלשן אין די געוויינהייטן, אָפּוארפן אלע איבערחזורונג, ער וועט גרויכן יענע הויכן וואו עס וועבט זיך די אויביגקייט.

## קאַטערינאָסלאַווער פארלאַג „וויסנשאַפט".

### ס'איז אַרויס פון דרוק:

ר'מרדכ'לע. משלים.
" כהן ונבי"א.
פרץ מאַרקיש. פוסט און פּאַס.
יהודה נאָוואָקאָווסקי. אגראר=פּראַגע.
" מלחמה און שלום.
א. פּושקין. יעווגעניע אָנעגין (איבערגעז. א. י. גראַדזענסקי).
* * * ווינטער (לידער=זאַמלונג).
ש. ראָסין. באָבע-מעשיות.
פּראָפ. מ. באָגדאַנאָוו. אַט אַזוי לעבט מען אויף דער ווייסער וועלט!
איבערגעז. אַ. שטראַשון.
כּ. הײלפּערין. יידישע גראַמאַטיק.

### ס'דרוקן זיך און וועלן אין גיכן ערשיינען:

פּ. מאַרקיש. „פּאַנמן".
מרדכי ראַבינזאָן „פּאַרביי".
" די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור".
י. דוואָרקין. צײל און גלויב (אָנפאַנג אַריפמעטיק).
כרעסטאָמאַטיע.




Адрес книгоиздательства: Екатериносл. книгоиздательство „НАУКА".
Екатеринослав, Воскресенская 15. тел. 9-51.